ראובן ליפשיץ

# צו זינגען
## און צו זאגן

אויפפירן אויף דער בינע און איבערדרוקן — אן
הסכם פון מחבר איז פארבאטן.
דער מחבר

* * *

איך בין איינער פון די לעצטע טרובאדורן
פון געטא־ווארשע פארבליבן,
מיין ליד האט געמונטערט אין טעג פון צארן,
מיט בלוט איז מיין ניגון פארשריבן.

עס קלינגט אין די אויערן דער רויש פון די גאסן,
פון יידישן קלאג־ליד — ס'געזאנג,
מיין ליד האט גערופן צו קעמפן און האסן,
באגלייט אויך צום לעצטן גאנג.

עס האבן מיליאנען געשמאכט און געזונגען,
פארביטערט, דערשלאגן און מיד,
דער תליון — ער האט דורות גאנצע פארשלונגען,
און דאך איז פארבליבן מיין ליד.

איך גיי איבער גאסן פון ווינטן געטריבן,
איך זוך פון מיין מאמען א שפור,
עס איז נאר די לירע פארבלוטיקט געבליבן,
פונעם לעצטען ווארשעווער טרובאדור.

* * *

# מאטעלע פון ווארשאווער געטא

אין די שמאלע געסעלעך פון געטא,
ווו עס רייסט זיך קוים אריין די זון —
אויפן לייב בגדים׳לעך מיט לאטעס,
לויפט ארום דעם אלטן שניידערס זון
יעדן פרימארגן ווי א שאטן
מיט פארשמאכטע ליפעלעך פון נויט —
גנב׳עט זיך אדורך די געטא־דראטן,
צו פארדינען אויף א שטיקל ברויט.

מאטעלע, א ווילער בחור,
מאטעלע, א גרויסער ספּעץ,
מאטעלע האט פיל הצלחה,
ווייל אונדזער מאטל איז א יאט, א מאלאדיעץ!

יידן שטייען אויף קעגן בארבארן,
טייכן בלוט אין יעדע געטא־גאס,
מאטעלע העלפט בויען באריקאדן
און דאס פּנים׳ל פון כעס טויט בלאס.
אין דעם פייער פינקלען אויגן בלויע,
דורשט און הונגער טרוקענען דאס מויל;
ס׳קלאפט זיין העלדיש הערצעלע פון גרויל:
פאר זיין פאלק שיקט ער זיי יעדע קויל.

מאטעלע א ווילער בחור א. ז. וו.

דזשיקע, פאווע, מילע, ניסקע, גענשע —
צונגען פייער פלאקערן איבער זיי,
ס׳קלאפן דארט הארמאטן, ס׳ציטערט ווארשע —
געוואלט! הילכט אפּ דאס הילפלאזע געשריי;
אין דעם רויך פון באמבעס, קאנאנאדן
מאטל׳ס נאמען האט ארומגעשוועבט;

ווי א העלד געפאלן אויף באריקאדן,
זיין אייגענע בר־מצוה נישט דערלעבט.

מאטעלע א ווילער בחור,
מאטעלע געווען א ספעץ,
מאטעלע געהאט הצלחה,
דער קליינער מאטל איז געווען א מאלאדיעץ!

ווארשע: 1943.

מוזיק: סטעלמאך



# די הויף־זינגער פון ווארשאווער געטאָ

א גוט מארגן ליבע מענטשן;
ווארפט אונדז א שטיקעלע ברויט! (ביס)
דערפאר וועט גאט אייך בענטשן;
נישט וויסן וועט איר פון קיין נויט.

געהאט א טאטע־מאמע
און שיינינקע שוועסטערלעך דריי; (ביס)
אוועק מיטן רויך און פלאמען,
געבליבן בין איך איצט אליין.

איך דריי די קאטארינקע
און שפיל היינט פאר אייך מיט קוראזש, (ביס)
ווייל מארגן, קאן זיין, אין טרעבלינקע
וועט ווערן פון אונדז א בארג אש.

דער הונגער איז א צרה
מיט טויטע פארזייט איז דער ברוק (ביס)
אוי, יידן, בני רחמנים —
עס ווילט זיך נאך לעבן א טאג.

מיין קול די לופט צעשמעטערט,
פון מארגן ביז שפעט אין דער נאכט; (ביס)
פארשאלטן זאל זיין דאס געטאָ
און די, וואס האבן עס אויסגעטראכט.

מען רודפ׳ט אונדז ווי חיות,
דאס לעבן איז ווי א תהום. (ביס)
עס וויגן זיך שארבנס אויף תליות
צום טייוול, — עס שיינט נאך די זון!

פון הערצער ברויזט א פייער:
געענוג אונדז געקוילעט ווי שאף — (ביס)

און ייִדן נעמט די „שפּייערס“
און קומט, לאָמיר מאַכן אַ סוף!

דריי איך די קאַטאַרינקע,
פֿאַרשפּיל אונדזערע לײַדן און נויט, (ביס)
ווײַל אײדער צו גיין אין טרעבלינקע —
איז בעסער אין קאַמף פֿאַלן טויט.

געטאָ־וואַרשע, מערץ, 1943.

פֿאָלקס־מוזיק



# ס'ברענט דאס געטאָ

„העלפט!" — בעט א שטימע, א מאמע טוליעט ס'קינד.
עס ברויזן צונגען פלאמען, צעכושעוועט פון ווינט.
ס'ברענט מיין הארץ פון האס, טייכן בלוט אין גאס —
ס'ברענט דאס געטא!
א שאטן געבויגן, ער קלעמט זיך אין דער וואנט
און ס'פלאקערן די אויגן, די ביקס ער דריקט אין האנט
דעם טרויער פון דער גאס, צערייסט א הוילער שאס —
ס'ברענט דאס געטא!

ס'קנאלן קאנאנען, די לופט איז שטארק געדעמפט,
די רעשטלעך פון מיליאנען גרייטן זיך צום קאמף;
אויב שטארבן איז באשערט, איז פאר דער געטא־ערד —
ס'ברענט דאס געטא!
דעם זון שיקט די מאמע אין חושך פון דער נאכט:
גיי! זאלסט נישט פארזאמען, דיין פאלק רופט דיך אין שלאכט
גיי באווייז דער וועלט, אז פאלן קאנסט א העלד —
פאר דעם געטא!

צווישן די חורבות כארכלט ווי א גוף,
ס'איז שווער מיר צו געפונען דעם עכא פון דעם רוף;
דער דראנג צום קאמף מיך יאגט, נקמה מאנט דאס בלוט —
וואך אויף, געטא!!!
דער טאג איז פארשוואונדן, די נאכט — פון רויך איז שווארץ,
די אייטערדיקע וווּנדן, זיי ברענען מיר מיין הארץ;
אלץ ארום איז שטום, פוסט ווי אין א תהום —
ס'ברענט דאס געטא!

ווארשע, אפריל 1943

מוזיק: ר. גרין



# גלות וויג - ליד

שלאָף מיין קינד, שלאָף מיין קליינער ייִד,
מאַך די אייגעלעך צו.
כ׳וועל דיר זינגען אַ גלות־ליד —
שלאָף מיין טרייסט, לו - לי - לו.
ס׳קלינגט דאָס ליד פול מיט צער און פּיין,
פון אַ טרויעריקער שעה;
וועסט פאַרשטיין, ווען וועסט עלטער זיין
שלאָף מיין זון, לו - לי - לו.

אַ מלחמה איז, קינד, געווען
טייכן בלוט, הונגער, נויט;
איך אליין האָב פיל מאָל געזען
פאַר די אויגן דעם טויט,
אַ בלוטדורשטיקער, ווילדער וואָלף
קעגן אונדז איז אַרויס
און פאַרשניטן האָט אונדזער פאָלק —
שלאָף מיין קינד, אויף מיין שויס.

זעסט דעם שטויב, וואָס עס טראָגט דער ווינד?
דאָס איז אַש פון דיין שטאַם.
צו די אויוונס געפירט ווי רינד
און געוואָרפן אין פלאַם;
אויך דיין מאַמע אין יענער נאַכט
איז געווען צווישן זיי:
שוידערלעך איז געווען די שלאַכט —
שלאָף מיין קינד, ביי - או, ביי.

שלאָף מיין קינד, שלאָף, איך בין שוין מיד
מאַך די אייגעלעך צו;
הערסט? דער ווינט טראָגט אַוועק מיין ליד
פון אַ טרויעריקער שעה,

פון א פאלק, וואס שוין דורות שפאנט
און האט קיינמאל קיין רו;
זיי א ייד אין א יידיש לאנד —
שלאף מיין קינד, לו־לי־לו!

בערגן־בעלזן — 1946

מוזיק: פרענקעל



# א מאמעס ניגון

קינדער־יארן, שיינע קינדער־יארן —
ווי א חלום לויפט איר גיך פארביי;
נאר איין זאך פארבלייבט טיף אין זכרון:
אונדזער מאמעס ניגון, ביי־או, ביי...
טעג און נעכט פארמאטערט פון דעם וויגן,
מיט א שמייכל — פול מיט טרייסט און מוט —
זינגט זי דעם אייביקן ניגון,
וואס וואקסט זיך איין אין פלייש און בלוט.

א מאמעס ניגון, געזונגען ביי דער וויג,
„איי־לו־לי, לו־לי," און ניט געווארן מיד;
דאס וועט אויף אייביק פארבלייבן אין מיין בלוט
מיין מאמעס ניגון געזונגען מיר צום שלאף.

ס'לעבן איז פארגאנגען מיט די לידער,
לידער, וואס פארגעסן זיך געשווינד.
ס'זינגט א שניידער און עס זינגט א שמידער,
אלע לידער טראגט אוועק דער ווינד.
נאר דאס ליד, וואס פלעגט מיין מאמע זינגען,
מיך באצויבערט ווי א פויגל־כאר.
הייליק דער ניגון טוט קלינגען
און ער גייט דיר נאך פון דור־צו־דור.

א מאמעס ניגון, געזונגען ביי דער וויג א. א. וו.

מוזיק : פלאנטער












2*

# כ׳עפן מיין בוך און געפין...

איך עפן מיין בוך און געפין
א בילד פון מיין היים, פון מיין מאמע
זי שטייט מיט מיין טאטן צוזאַמען
און איך אויף דער האנט — נאך א קינד.
די מאמע מיט האר, קוילן שווארץ,
מיט אויגן ווי הערלעכע בלומען,
זי קוקט מיר אין פנים, א שטומע,
איר שמייכל צערייסט מיר מיין הארץ.
דאַס בוך א מצבה וועט זיין,
פארהייליגט ביים הארצן כ׳וועל טראגן.
נאך דיר מאמע קדיש כ׳וועל זאגן,
אָן דיר בין איך עלנד אליין.

איך דרוק צו מיין האר׳צן דאס בילד,
געבליבן איז דאס פון מיין מאמען.
פארשלונגען איר גוף האבן פלאמען,
צעווייעט האבן ווינטן איר אַש.
איך קוק אויף דעם בילד און איך וויין,
איך קוש אירע אויגן ווי בלומען;
מיין מאמע צוריק וועט ניט קומען;
איך ווייס ניט ווו ס׳איז איר געביין.
איר בליק פאר מיין הארץ איז א טרייסט,
פארהייליקט ביי מיר וועט זי בלייבן;
און מער וועט אונדז קיינער צעשיידן,
וועסט אייביק מיט מיר מאמע זיין!

מינכען, 1947.

# מיין געסעלע

ס'באגלייטן מיך שטערן — דער וואנדער־וועג איז ווייט.
עס זילבערן טרערן — דאס הארץ פון בענקשאפט וויינט:
פארלאזן האב איך דיך געמוזט מיין געסל,
צעשיידט האט אונדז די גרויע, שלעכטע צייט.
נאר טיף אין זכרון אויף אייביק בלייבט ביי מיר
מיין הויז, קינדער־יארן, מיין ליבע, גאס, צו דיר!
איך זע דעם קרומען ברוק — דאס אלטע פעסל
מיט וואסער, וואס פלעגט שטיין דארט ביי מיין טיר.

כ'וועל דיך קיינמאל ניט פארגעסן —
קליין געבויגן יידיש געסל,
דו ביסט דאך געווען מיין וויגל;
מיין נשמה און מיין היים.
כ'וועל דיך אייביק ליבן, שעצן—
איינגעבויגן יידיש געסל
און דיר ווידמע איך דאס לידל
און דיר זינג איך געסל מיין!
כ'זע ווי ייִנגלעך לויפן, שרייען:
„בייגל קויפט ביי מיר!"
יעדעס שטיינדל איז מיר טייער —
כ'זע מיין וועלט אין דיר.
ס'איז אוממעגלעך צו פארגעסן
איינגעבויגן יידיש געסל,
ביסט מיר איינגעקריצט אין הארצן —
און וועסט אייביק בלייבן מיין.

אין ווייטן סיביר האב איך אפטמאל זיך געטרייסט,
אז קומען צו דיר וועל איך געסעלע, דו מיין!
און ענדלעך בין איך אויך צוריקגעקומען
נאר נישט געפינען קאן איך מער מיין היים.
וווּ כ'קער נאר מיין בליק — דארט א שטיין ליגט אויף א שטיין

מיין ייוגנט, מיין גליק — ניט געבליבן קיין געביין
מיט בלוט און פייער האט מען דיך צעטראטן,
נאר אין מיין הארץ פארהייליקט וועסטו זיין!

כ׳וועל דיך קיינמאל ניט פארגעסן א. א. וו.

ווארשע, 1945

מוזיק: א. האררים

Andante!

1.) 2.) 1.) 2.)

# קאצעט־מארש

מיר דא אין קאצעטן, פארשפארט הינטער דראטן,
געפלאגט פון באגינען ביז נאכט.
מיר זיינען ס'קעלעטן פון מערדער געטראטן,
פון דער פאשיסטישער מאכט.

עס שמערצן די טרעפעס, ווי אייזערנע קייטן,
פון הונגער און ארבעט פארשוואכט.
ווי שווער ס'איז צו שלעפן דעם יאָך פון די ליידן,
פון דער פאשיסטישער מאכט.

ס'איז פרילינג אין דרויסן פון יענער זייט דראטן,
און מיר דא ווי חיות פארשקלאפט.
עס ביילן זיך פויסטן פון מענטשלעכע שאָטנס —
קעגן פאשיסטישער מאכט.

שטייט אויף איר סקעלעטן קומט ברעכן די דראטן —
גענוג שוין געוועזן פארקנעכט !
עס קנאלן הארמאטן, דעם שונא זיי טרעטן —
די ברוינע פאשיסטישע מאכט.

גלייוויץ, 1945

מוזיק : סעדאי



# ווײַן נישט, ראובן

געוועזן פֿון גאַס אַ קינד
און פֿרײלעך ווי דער ווינט —
קראַכמאַלנע־פּלעצל איז געווען מײַן וויגל.
איך האָב דעם קרומען ברוק
געטראָטן יעדן טאָג,
געוועזן פֿרײַ ווי אין דעם וואַלד די פֿויגל,
מײַן מאַמע, טאָג און נאַכט —
האָט נאָר פֿון מיר געטראַכט
און אויף מײַן גורל תּמיד נאָר געקלאָגט
דער רבי אין חדר,
מיטן קאַנטשיק פּלעגט כּסדר
שמײַסן, — און איך האָב מיר געזאָגט:

„ווײַן נישט, ראובן, ס'פּאַסט נישט פֿאַר קיין בחור,
אַ ייִדיש האַרץ האַרטער איז פֿון שטיין,
נאָך בלוט און טרערן קומען וועט הצלחה,
פֿון זײַנע שמיץ וועל איך נאָך גליקלעך זײַן.
ווײַן נישט, ראובן, וויש דיר אויס די טרערן,
דײַן וועג צום לעבן אָפֿן איז פֿאַר דיר,
זאָלן מענטשן קיינמאָל נישט מער דיך וויינען הערן,
נאָר לאַכן, לאַך גאָר אַן אַ שיעור“.

עס לויפֿט געשווינד די צײַט,
אין פֿריידן און אין לייד.
די קינדער־יאָרן, זײַנען שוין פֿאַרשוווּנדן.
איך זע מײַן מאַמעס בילד —
ווי ס'וואָלט געווען אַצינד.
מיט דיר מײַן גאַס, מײַן יוגנט איז געבונדן.
איך גיי איבער דער וועלט,
אין הונגער, נויט און קעלט
און ווי דער שטויב פֿון ווינט בין איך געיאָגט,

אן שלאָפן, אָן עסן,
אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן,
וואָס איך האָב צו זיך געזאָגט:
ווײַן נישט ראובן א. א. וו.

געקומען כ'בין צוריק,
צו דיר מײַן אַלטע בריק —
נאָר מער האָב איך דאָרט קיינעם נישט געפונען,
קראָכמאַלנע גאַס פאַרברענט,
עס וויינען הוילע ווענט —
אין בלוט און פײַער איז מײַן טרוים צערונען.
איך האָב נישט מער מײַן היים,
געבליבן ווי אַ שטיין,
אויפן קבר כ'בין געלעגן דאָרט.
כ'הויב זיך אָן דערמאָנען
קינדער־יאָרן און מײַן מאַמען
און מײַן אַלטן חדר־וואָרט:
ווײַן נישט, ראובן א. א. וו.

וואַרשע, 1945

מוזיק : אלשאניעצקי












# יאַנקל - דער וואסער־טרעגער

א קאלטער ווינט פון מזרח יאגט.
ס׳טאנצט א וואגן אויפן ברוק
וויאָ! שרייט הויך און שמייסט די פערד
דער ויאסער־טרעגער.
עס קנאקט די בייטש פון פרי ביז נאכט,
ער קומט אהיים אן כוח, פארשמאכט,
נאס פון טרערן אפט איז זיין געלעגער...
ס׳יאגט א ווינט, ס׳פאלט א שניי,
דער אלטער יאנקל שלעפט עמערס צוויי,
ס׳פאלט א שניי, ס׳יאגט א ווינט —
דער אלטער טרעגער בענקט נאך זיין קינד.

אין ירושלים —
דארט לעבט מיין זון, מיין קדיש׳ל חיים,
ער טוט דארטן פלאנצן
אין די פרדסים שיינע פאמעראנצן.
אין ירושלים —
דארט שיינט די זון פאר אלע גלייך,
יעדעס בוימל, יעדע שטוב
איז מיר אזוי ליב,
דארט וועט זיין די היים—
פאר דעם ייד.

= = = = = = = = =

עס קנאקט ניט מער דעם טרעגערס בייטש—
דאס הויז פארברענט האט אים דער דייטש...
פאריאגט, ווי חיות, אין דעם געטא
הינטער דראטן;

פארמאטערט פון דער פרי ביז נאכט
די בארד שוין גרוי, דאס הארץ פארשמאכט
אויסגעדארט גייט יאנקעל ווי א שאטן

ס׳יאגט א ווינט, ס׳פאלט א שניי,
דער אלטער גייט געבויגן אין דריי,
ס׳פאלט א שניי, ס׳יאגט א ווינט —
עס ווינט דאס הארץ ביי אים נאך זיין קינד.

אין ירושלים א. א. וו.

ס׳האט אויסגעשפראצט די פרייה־יט־שיין,
איבערלעבט דעם צער און פיין.
דער וואַסער־טרעגער האט צעשטרעקט
די אלטע ארעמס,
פון שטאט צו שטאט, פון לאנד צו לאנד,
גייט יאנקל מיט דער בייטש אין האנט.
ער טרעט די ערד פון מארד, מיליאנען קברים.
ס׳יאגט א ווינט, ס׳פאלט א שניי
דער אלטער שטרעקט דעם קאפּ הויך און פריי,
ס׳פאלט א שניי, ס׳יאגט א ווינט —
ער שפאנט פאראויס צו זיין איינציק קינד.

קיין ירושלים, ווו עס לעבט זיין קדיש׳ל חיים
נאך איינמאל פארפלאנצן
אין די פרדסים שיינע פאמעראנצן. א. א. וו.

מינכען, 1946.

מוזיק: פ. שער













# רבקה'לע און יאנקעלע

זי: כ'בעט דיך יאנקל, ווי צו מיינע יארן,
אוי זאג מיר ווהין וועלן מיר פארן,
נא דיר יאנקל, ליין פון אונדזער הייעלע, דעם בריוו,
כ'בעט דיך פאר מיט מיר קיין תל־אביב.

ער: ניין, איך פאר גאר אין די שטאטן,
מיין זונד'ל סרולעק, בענקט דארט נאך זיין טאטן,
איך וויל רבקה דוקא זיין צוזאמען מיט מיין זון.
און דעריבער פאר איך קיין ברוקלין.

זי: ניין, ניין, קאנסט מיך ניט פארשטיין,
דארט ווו יידן בויען, שאפן, דארטן דארף מען גיין.

ער; ניין, א ניין, דו ווילסט מיך ניט פארשטיין.
דארט ביי טרומאן וועט מיר זיין א.־קעי.

זי: זאג ווי לאנג וועט מען נאך זיין פארשקלאפן,
לאמיר העלפן אונדזער היימלאנד שאפן,
הער מיך יאנקל אויס איין מאל אין פינף און צוואנציק יאר,
און קיין ארץ מיט דיין ווייבל פאר.

ער: כ'בעט דיך רבקה האק מיר ניט קיין טשייניק,
מיט דיין פלאן בין איך דאך גארניט אייניק,
וואס־זשע וועסטו דארטן טאן אין קיבוץ אפשר גיין ?
סארא גוץ וועט רבקה פון דיר זיין.

זי: ניין, ניין, קאנסט מיך ניט פארשטיין,
דארט ווו יידן בויען, שאפן, דארטן דארף מען זיין.

ער: ניין, א ניין, ס'איז שווער דיך צו פארשטיין,
איך וויל דוקא ביי קאלאמבוס זיין.

זי: איך וויל דארט פאר שומרים קאכן עסן,
און אפהיטן בליענדע פרדסים,
איך וועל העלפן בויען, שאפן, אונדזער אייגן לאנד,
יאנקל, זיי ניט בייז, גיב מיר דיין האנט.

ער: כ׳בעט דיך רבקה, האב פאר מיר דרך־ארץ,
לאז מיך היינט צו־רו שוין מיט ארץ,
דארט איז אזוי שרעקלעך הייס, די ערד ווי פייער ברויט,
אוי, ווי א מאגנעט מיך דער דאלאר ציט.

זי: ניין, ניין, קאנסט מיך ניט פארשטיין,
דארט ווו ס׳לעבן פריי די יידן, דארטן מוז מען גיין.

ער: ניין, א ניין, דו ווילסט מיך ניט פארשטיין,
איך וויל אין אמעריטשקע נאר זיין.

זי: יאנקעלע, דו ווערסט שוין באלד א זקן,
דו וועסט דיר דארט דיין הערצעלע דערקוויקן,
אויב האסטו א יידיש האַרץ, דאן מוזטו מיך פארשטיין,
גלייך מיט אלע מוז מען קעמפן גיין.

ער: הער מיך בעסער אויף צו אגיטירן,
אוי איך בין שוין באלד גרייט צו קאפיטולירן.
רבקה, ווייסטו וואס, איך האב דיך אן פארשטיין,
גלייך מיט אלע וועל איך בויען גיין.

ביידע: יא, יא, כ׳קאן דיך שוין פארשטיין,
דארט ווו יידן בויען, שאפן, דארטן דארף מען גיין,
יאַ, אוי יא, איך קאן דיך שוין פארשטיין,
קיין ארץ־ישראל לאמיר גיין.

מינכען, 1947.

# „עקזאָדוס — 1947“

אָן שלאָפן, אָן עסן, מיט צער אין די אויגן
וואַנדערן מיר דורכאַנאַנד;
מיט בלוטיקע טרערן, מיר בעטן ניט שטערן,
צו קומען אין הייליקן לאַנד.
פון לענדער און שטעטלעך, אַנטלאָפן פון גלות
מיט האָפנונג צו קומען אַהיים.
מיט זויגנדע קינדער אין גרויזאַמען הונגער —
אָבער דאָרט לאָזט מען אונדז ניט אַריין.

מיר וואַגלען אַרום איבער די ים׳ען,
ווי אין אַ תהום, צווישן פלאַמען
איינזאַם און שטום איבער דער גרויער וועלט.
ס׳מאַטערט די נויט, די ליידן, שמערצן,
נאָנט איז דער טויט ביי אונדז אין האַרצן,
האָפנונג באַרויבט פון אייגענעם געצעלט.
די וועלט איז שיין, אָבער ניט פאַרן ייד —
איז לאָזט אַריין!
געענוג געווען פאַר אונדז די טיר געשלאָסן.
מיר וואַגלען אַרום איבער די ים׳ען,
ווי אין אַ תהום, צווישן פלאַמען,
טרויעריק און שטום פאַר אונדז די גאַנצע וועלט.

פון אוישוויץ, טרעבלינקע, פון דאַכאַו, מיידאַנעק —
די רעשטלעך פון יידישן פאָלק.
אָן טאַטע, אָן מאַמע, אַנטשלאָסן צוזאַמען —
מיר מוזן דערגריין צו אַן אָרט!
עס בלענדט אונדז די פרייהייט פון ארץ־ישראל
עס צערטלט די ליכטיקע שיין
ניט אָפּטרעטן וועט קיינער, אַלע ווי איינער
פאָדערן מיר: לאָזט אונדז אַריין!

מיר וואגלען ארום איבער די ים׳ען,
ווי אין א תהום, צווישן פלאמען
איינזאם און שטום איבער דער גרויער וועלט.
נאנט איז דער טאג, אויף וועלכן ס׳האפן
מיליאנען פון מזרח און פון צפון:
צו קומען אין לאנד אין אייגענעם געצעלט.
מיר טראגן ליכט, מיט אונדזער קאמף צעגליט —
מען מוז זיין פריי!
גענוג געווען פאר אונדז די טיר געשלאסן.
ס׳שיינט אונדז דער ברעג פון אונדזער שטרעבן,
צו ליכטיקע טעג, צום נייעם לעבן —
קומט מיט דעם וועג, וואס פירט אין פרייען לאנד.

מינכען, 1947

# וואנדער וועג

ס׳פאלט א העלער שטערן פון דעם הימל בלויען,<br>
ס׳פאלן הייסע טרערן אין די גרויע טעג.<br>
יונגע העלדן פאלן אין ארץ־ישראל —<br>
פאר א נייעם לעבן אין זוניקע טעג. } (בים)

זאגט מיר העלע שטערן, זילבערנע לבנה,<br>
ווו זיינען די וועגן, ס׳זאל מיר נישט זיין ווייט.<br>
שווימט מיט מיר צוזאמען, שמייכלט מיר אין פנים<br>
ביז ירושלים מיך אין וועג באגלייט! } (בים)

ס׳פאלט א העלער שטערן פון דעם הימל בלויען,<br>
ס׳פאלן הייסע טרערן אויף דעם וואנדער וועג.<br>
שפאנען מחנות יידן קיין ארץ־ישראל,<br>
צו א נייעם לעבן — יום־טוב׳דיקע טעג. } (בים)

מינכען, 1948

מוזיק : א. האררים



# מעפּילים־ליד

עס וויגט מיין שיף דער בלויער ים
אין ווייטן, ווייטן וועג.
די זון פאַרגייט אין שטראַלן פון פלאַם,
עס שיינט פון ווייט דער ברעג.
מיט האָפנונג פול, די הערצער צעגליט,
פון ליידן שטאַרק פאַרקלעמט.
ווי אַ פּאַראָל קלינגט דאָרט דאָס ליד,
געזונגען אין דער פרעמד.

עס הערן זיך די שיינע קלאַנגען
פון דעם ווייטן טראַקט.
עס וויגן זיך אויף פעלדער זאַנגען,
מיט דעם ליד צום טאַקט.
עס ברויזט דער ים, אין טאַקט פון וואַלס
ער בושעוועט און זידט,
ס׳דערוועקט זיך יעדעס יידיש האַרץ
מיט דעם מעפּילים־ליד.

דערשטיק אין האַרץ דאָס בילד פון פּיין
אין גרויע געטאָ־טעג,
די זון גייט אויף אין גאָלדענעם שיין,
באַגלייטן דיך צום ברעג.
הויב ווידער הויך דעם קאָפּ, די ברוסט,
פאַרגעס פון גלות־שאַנד.
און לאַך און טאַנץ און זינג מיט לוסט:
די שווימסט צום פרייען לאַנד!

עס הערן זיך די שיינע קלאַנגען א. א. וו.

עס לויפן טעג, נאָענט מיין באַגער,
דאָס האַרץ גייט אויס פון שרעק,

עס פאַלט אין ים א בלוטיקע טרער
און שווימט אוועק צום ברעג.
איך בין ניט מער „דער וואנדנדער־ייד“,
די פרייהייט מיך פארבלענדט.
ווי א פאראָל זאל זיין דאס ליד,
געזונגען אין דער פרעמד.

עס הערן זיך די שיינע קלאנגען א. א. וו.

מוזיק: דונאיעווסקי



# צוויי טויזנט יאר

ס׳איז פינצטער, קאלט אין גאס,
די שטערן פינקלען בלאס,
עס שניידט מיין לייב, ווי מיט א שווערד דער ווינט.
פאר מיר די גאנצע וועלט
איז הילפסלאז און פארשטעלט.
צי בין אַיך ניט א מענטש, א מאמעס קינד?
איך פרעג ביים ווינט.
פאר וועלכע זינד —
געפינען קאן איך ניט מיין שטיקל רו?
ווו זאל איך גיין,
ווו איז מיין היים?
איך וואנדער שוין אזוי צוויי טויזנט יאר.

מיין צער און וויי איז גרויס,
ווען כ׳זע ווי ס׳לייכט א הויז,
דאס הארץ בלייבט שטיין פון יענעמס גליק פארקלעמט.
אין מיר דערוואכט א האס,
ווען איינזאם אויף דער גאס
איך שטיי און אלץ ארום פאר מיר איז פרעמד.
איך פרעג ביי זיך:
פארוואס בין איך
געבוירן אין א חושכ׳דיקע שעה?
און ס׳קלינגט מיין ליד
פון גרויען ייד,
וואס וואנדערט שוין אזוי צוויי טויזנט יאר.

דער חושך פון דער נאכט
אין וועג האט מיך געבראכט.
דער הימל ווי מיין גורל, שיינט מיר שווארץ;
מיין וועג איז לאנג און שווער,
עס פאלט א הייסע טרער,

יסורים פון מיין פאלק רייסן מיין הארץ.
איך פרעג ביים ווינט:
פאר וועלכע זינד —
איז פאר דעם ייד קיין שטיקל ערד נישטא?
וווּ זאל איך גיין,
וווּ איז מיין היים?
געניג געוואנדערט שוין צוויי טויזנט יאר...

מינכען, 1947

מוזיק: משה ארבשטיין



# חלוצים ליד

ווען ס׳פארשווינד די העלע נאכט,
און די זון גייט אויף,
חלוצים און קבוצים
צו דער ארבעט שטייען אויף.
ביי רבקה׳לעך און שלמה׳לעך
דאס לעבן איז באגייט
ס׳באגריסן זיי די ביימעלעך:
„גוט־מארגן" מיט א פרייד.
אין שעפעלעך מיט גלעקעלעך
דארט קלינגען בים־באָם־באַם
מיט טאַנצנדיקע טריטעלעך
זיי שפאנען צו דעם ים,
א ליבשאפט צו זיין פאלק אין לאנד
דערוואכט אין יעדער ברוסט.
און פריילעך דארטן הילכט ס׳געזאנג,
געזונגען מיט א לוסט

היי, דיי דיי, היי דיי דא דא, היי דיי } (בים)
היי דיי דיי, דיי דיי דא.

ארבעט איז א קוואל פון גליק:
מען שעפט און ס׳גייט נישט אויס.
מיט האפנונג שטראלט דארט יעדער בליק,
א הויז וואקסט נאך א הויז.
די ארבעט פלאקערט אין די הענט
און שטייגט פון טאג צו טאג.
עס שפראצן זאנגען אויפן פעלד.
פארפלאנצט מיט שוויס און בלוט.
עס בליט א לעבן גאר אויפסניי,
מיט האמער, אקער, שווערד.
און יעדער בויט זיין מארגן טריי

דאס לעבן האט זיין ווערט, !
אין ריטם פון ארבעט לויפט די צייט.
דער טראקטאר קלאפט צום טאקט.
חלוצים זינגען מיט א פרייד
א זמר׳ל געשמאק.

היי דיי דיי א. א. וו.

ווען דעם טאג הילט איין די נאכט,
די ארבעט איז שיין אויס,
אין יעדער הארץ א לוסט דערוואכט,
מען טאנצט פון קליין ביז גרויס.
עס פלאטערן די שייטערס,
און א רעדל זיצט ארום,
עס שפילן די טראמפייטערס
און דער פויקער בום, בום, בום.
נישט ווייט, ביי דער לבנה ליכט,
א פאָרל אין דער זייט,
ער קושט זי און זיי שווערן זיך
צו ווערן מאן און ווייב.
די צוקונפט אין די הערצער גליט,
אויף אקסלען לייגט די הענט,
כלי־זמר׳מלעך א האָרא שפילט —
ס׳זאל שאקלען זיך די וועלט.

היי דיי דיי א. א. וו.

אטאמוזיק : ל.פ










# דעם שניידערס קינדער

ער: הער מיין ווייבל דבורה,
פּאַריאַג די מורא־שחורה,
מאַך בעסער מיר אַ גלעזל טיי.

זי: אומעטיק ס׳איז אַצינדער
דאָ, אין הויז, אָן די קינדער,
איך האָב אויסגעהאָדעוועט זיי דריי,
לאָזן זיך ניט הערן,
עס שטיקן מיך די טרערן,
באַלד דריי וואָכן אָן אַ בריוו.

ער: ווייניק צייט, ס׳איז מלחמה,
מיט דעם שונא פאַרנומען
אויף דער וואַך ביי תל־אביב.

ביידע: נאָר ניט געדאַגה׳ט, יידן
זייט צופרידן,
זיי וועלן פרייהייט שמידן
טאָג און נאַכט.
ווי ביי דעם אַלטן שניידער
דריי יחידים —
איז אויף דער וועלט דאָ, ליידער,
ניט קיין סך.

ער: חיים האָט געשוווירן,
צו דינען ביי סאַפּיאָרן,
זוכן מינעס אין דער ערד,
פאַר זיין פאָלק און מדינה,
וועט ער גיין און געפינען,
זיין אַ העלד מיין זונעלע באַשערט:

זי: און דער צווייטער דוד,
אַ פליער איז מיט כבוד

ווי אַן אדלער אין דער הויך,
און דער יינגסטער — מיין סענדער,
איז דארט אויך ניט קיין פרעמדער —
דאס גיט מיר צום לעבן כוח.

נאר ניט געדאגה'ט א. א. וו.

זי: אז זיי וועלן קומען
אהיים, צוריק בשלום,
איי, ווי גליקלעך וועל איך זיין.

ער: יעדן שבת ביים שטענדער
מיט מיין זונעלע, סענדער,
ווי א מלאך וועל איך דארטן שטיין.
מיט דעם עלטסטן, חיים,
קלינגט ירושלים —
ער איז דארט א קאמאנדיר!

זי: און מיין דוד, ביים פליען,
האט אין הימל א זכיה,
נחת האָבן מיר אן א שיעור.

נאר ניט געדאגה'ט, יידן,
זייט צופרידן:
זיי וועלן ברענגען פרידן
פאר מיין היים,
און ווען זיי וועלן קומען,
די יחידים,
דערוואַרטן זיי מיט בלומען
וועלן מיר אלע גיין.

מוזיק: דאנאיעווסקי











4*

# וויאָ, וויאָ, פערדעלעך

עס האט שוין ניט קיין זינען,
צו לעבן אין בהלה
צוזאמען מיט די מערדער
פון אונדזער יידיש פאלק.
עס רופט אונדז די מדינה,
די בערג, דער ים, די טאלן,
עס לאקן אונדז די פעלדער,
די זון פון לויטער גאלד.
איך בלייב ניט מער דא צווישן זיי,
איך פאר לעבן פריי.

וויא, וויא, פערדעלעך געשווינד,
נאענט איז מיין טרוים.
וויא, וויא, גיכער ווי דער ווינט,
איך פאר אהיים,
וויא, וויא, ס׳גליק איז שוין ניט ווייט,
פערדעלעך שפאנט,
לויפט, פליט שנעלער ווי די צייט,
פירט מיך אין מיין לאנד.

עס בויגן זיך די צווייגן,
מיט שייגע זיסע טרויבן
ארום די פרישע בלומען,
ווי ביי א חופה־קלייד,
און הייזער הויכע שטייגן,
אין הערצער וואקסט דער גלויבן:
עס וועט דער טאג נאך קומען
פון יום־טוב און פון פרייד,
כל־זמן דער וואגן איז געשפאנט —
די בייטש נעם אין האנט!

וויא, וויא, פערדעלעך געשווינד א. א. וו..

זייט שטאלץ, איר גלות־יידן,
מיט אונדזערע בחורים —
ווי העלדיש אין די קאמפן,
זיי גייען האנט ־ ביי ־ האנט.
זיי וועלן פרייהייט שמידן —
די הגנה־גבורים.
איז, קומט, לאמיר זיי העלפן
באפרייען אונדזער לאנד.
איך בלייב ניט מער דא איין מינוט:
יידן פארט מיט!

וויא, וויא, פערדעלעך געשווינד א. א. וו.

מינכען, 1948

מוזיק: ר. לאפשין











# ארץ־ישראל וויג־ליד

אלץ ארום איז שטיל שוין איינגעשלאפן,
גלייך מיט דער לבנה שווימט מיין ליד,
ס׳האט א קויל א בייזע מיך געטראפן,
שווער־פארוואונדעט זיץ איך ביי דיין וויג.
פאר דיין מאמע, קינד, וועל איך דיר העלפן,
זי שטייט אויף מיין פאסטן דארט אין פעלד.
פאר דיין צוקונפט וועט זי העלדיש קעמפן —
וועסט נאך זיין א יינגל פון א העלד.

שלאף־זשע, שלאף מיין קינד!
ס׳קלאפט אין שויב דער ווינט
און דער זייגער שלאגט די האלבע נאכט.
ס׳וועט א צייט פארגיין,
כ׳וועל דיין מאמען זען
און צוזאמען גיין מיט איר אין שלאכט.
איצט מוזטו דיין טאטן הערן,
מאך די אייגלעך צו,
וועסט אליין א קעמפער ווערן—
איי - לו - לו - לי - לו;
שלאף־זשע, שלאף, מיין קינד,
שטיל שלאפט איין דער ווינט,
אין מיין שאטן וויגט די האלבע נאכט.

כ׳האב דערציילט שוין אלץ וואס איז פארלאפן,
מעשה׳לעך, משלים און א שיעור
און דו ווייסט נאך אלץ און ווילסט ניט שלאפן,
וואס קאן מער א טאטע טאן פאר דיר.
זעסט, דיין אניטא רואיק שלאפט אין ווינקל
אויך דיין שווערדל ליגט מיט דיר אין וויג,

ס׳איז שוין צייט, אז שלאפן זאל א יינגל,
מאטער ניט דיין טאטן, כ׳בין שוין מיד.

שלאף-זשע, שלאף מיין קינד א. א. וו.

מינכען, 1949

מוזיק: י. פעטערסבורסקי

Moderato!

poco rit.

1.)

2.)

# זינג מיר, ווינט

ס׳קרייצן אין לעבן זיך וועגן —
די יארן לויפן גיך פארביי.
היים, טאטע־מאמע, פארמעגן —
פון אלעם בין איך איצט אליין.
איינזאם, פארקלעמט מיט די ווונדן,
ווו זאל איך קערן זיך אצינד?
אין פלאמען רויך מיין גליק פארשוווּנדן,
זכרונות פון מיין היים טראגט מיר דער ווינט.

זינג מיר, ווינט, זינג מיר ווינט,
פון דעם אלטן שטעטל און מיין גרויער מאמע;
זינג מיר, ווינט, זינג מיר ווינט,
שיינע קינדער־יארן וויל איך זיך דערמאנען.
יעדער קלאנג, יעדער שארך,
לעבט אין הארצן און וועט קיינמאל ניט צערינען.
וואס געווען מיר ליב, דאס אלץ איז שוין אנטרונען,
נאר פארבליבן איז דער רויש פון ווינט.

טיף איינגעקריצט אין זכרון
טראג איך מיין ליבער מאמעס בילד,
ליכטיקע טעג, קינדער־יארן —
פארשוווּנדן מיטן רויך און ווינט.
ס׳האט מיך מיין גורל געטריבן
איבער די גרויע וועלט אליין,
אין הארצן טיף איז מיר פארבליבן —
דער רויש פון ווינט, וואס זינגט מיר פון מיין היים.

זינג מיר ווינט, זינג מיר ווינט א. א. וו.

מוזיק : בערלאנד












# די ליבע

גייענדיק זיך צו דעם ברונעם
האב איך מיט א יאט באקענט,
מיט א שווארצינקער טשופרינע
און מאזאלעס אויף די הענט.
העי, העי, העי, העי, העי,
און מאזאלעס אויף די הענט.

איך בלייב שטיין פארשעמט א בלאסע
און מיין הארץ קלאפט טיק, טאק, טיק.
ער העלפט טראגן מיר דאס וואסער
און מיר גייען טריט ביי טריט.
העי, העי, העי, העי, העי,
און מיר גייען טריט ביי טריט.

ס׳קומט אנטקעגן די לבנה,
ס׳טרעלט דער סאלאוויי ביים טייך;
ווי א פייער ברענט מיין פנים
ווען ער פרעגט, וועסט זיין מיין ווייב?
העי, העי, העי, העי, העי,
ווען ער פרעגט, וועסט זיין מיין ווייב?

כ׳האב פארבלאנזשעט מיט די עמערס
ס׳ווארט דער טאטע אויף א טרונק;
נאר מיין הארץ עס ווייסט דעם אמת:
ער איז שיין און איך בין יונג.
העי, העי, העי, העי, העי,
ער איז שיין און איך בין יונג.

ס׳קלינגט דער זייגער אויפן טורעם,
ס׳דרעמלט שטיל די האלבע נאכט
אין מיין הארץ קומט פאר א שטורעם,
ווייל די ליבע האט דערוואכט.
העי, העי, העי, העי, העי,
ווייל די ליבע האט דערוואכט.

זוכן לויפט מען מיך צום ברונעם,
וו ס׳איז נאר אן ארט פארהאן,
כ׳בין מיט וואסער ניט געקומען —
כ׳בין געקומען מיט א מאן.
העי, העי, העי, העי, העי,
כ׳בין געקומען מיט א מאן.

פאלקס־מוזיק



# לאמיר טרינקען א לחיים

טראכט ניט וועגן נעכטן — דער נעכטן איז פארביי
וואס זשע מויג דאס שמאכטן — פון דורכגעמאכטע פיין
וואס געווען, וועט מער ניט זיין — ס׳קומט שוין ניט צוריק
קוק פארויס, פון וואנען ס׳קומט דאס גליק.
ס׳וועט דער הימל שיינען — העל וועט זיין דיין בליק
און דיין האס צום שונא — טיף אין הארץ דערשטיק
זעסט, די זון פארגייט אין פלאַמען,
שווימט אוועק ווייט איבער ימען,
און דער מארגן וועט דיר ברענגען גליק.

לאמיר טרינקען א לחיים,
לאמיר ברידער פריילעך זיין.
פאר א לעבן, פאר א נייעם
העכער טראג דאס גלאז מיט וויין.
לאמיר הוליען, טאנצן, זינגען,
לעב כל־זמן די זון דיר שיינט—
דער פאראל פון פרייד זאל קלינגען,
אויף צעפיקעניש די פיינט!
העך שוין בעסער אויף צו וויינען,
טרערן ברענען דיר די אויגן.
אלץ פארלאָרן, האסט ניט קיינעם,
שטאלץ דעם קאפ, ניט איינגעבויגן.
לאמיר טרינקען א לחיים—
פאר א לעבן, פאר א נייעם,
פאַר א צוקונפט, פאר א פרייער —
לאמיר טרינקען וויין א גלאז.

קלער ניט וועגן מארגן — דער מארגן איז נאך ווייט,
ווארף פון זיך די זארגן — לעב נאר מיט דעם היינט.
אויף די פעלדער בליען זאנגען — ס׳לעבן איז באנייט,
און דאס הארץ קלאפט מוטיקער פאר פרייד.
שטאלץ דו טראגסט דיין נאמען — טראג דיין פאלק דעם טרייסט

ס'איז די צייט געקומען — ביסט שוין אויסגעלייזט
גיי פארויס צו דיינע ברידער
דארט א לעבן וואכט אויף ווידער
און באצויבערט אלע מיט דעם גייסט.
לאמיר טרינקען א לחיים א. א. וו.

מוזיק: א. האררים

Tango tempo!

rit.

Allegro.

1.) 2.)

poco a poco rit.

rit tempo!

rit.

# איך וואַרט

ס'לויפט די צייט און יאָרן זיינען שוין פאַריבער.
אין מיין האַרץ טראָג איך אַ בענקשאַפט נאָך מיין גליק.
איך בין זיכער און כ'ווייס, אַז דו, מיין ליבער,
וועסט באַשטימט, ווי האָסט געזאָגט, קומען צוריק.
ס'פאַלט אַ רעגן, טראָפּנס קלאַפּן אין די שויבן,
ס'פאַלן טרערן ווי דער רעגן אָן אַ שיעור.
און מיין ביטער האַרץ שטאַרקט מיר דעם פעסטן גלויבן,
אַפּטמאָל דאַכט זיך מיר, אַז דו שליסט אויף די טיר.

איך בענק און איך וואַרט אויף דיין קומען,
און מיין וואַרטן וועט דאָז נישט זיין אומזיסט.
כ'וועל דיך האַלטן ווי אַ קינד אין מיינע אָרעמס —
קושן דיך, ווי כ'האָב נאָך קיינמאָל נישט געקושט.

מענטשן זאָגן, אַז דאָס וואַרטן האָט קיין זינען.
אַז דו ביסט געפאַלן ווי אַ העלד אין שלאַכט,
נאָר מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז דו וועסט זיכער קומען,
און דו זאָגסט עס מיר אין חלום יעדע נאַכט.
איינזאַם זיץ איך און קוק אויף דיינע בילדער,
מיינע האָר פון טאָג צו טאָג ווערן ווי שניי;
האָסט געבעטן כ'זאָל דערוואַרטן דיך מיין ליבער —
אייביק וועל איך וואַרטן און דיר בלייבן טריי.

איך בענק און איך וואַרט א. א. וו.

מינכען, 1949

מוזיק : פלאנטער



# מיין פארלוירן גליק

ס'רוישט דער ווינט און ס'פאלט א רעגן,
טרויעריק פינצטער, מיין לעבן אן דיר האט קיין ווערט.
נאר פאר מיר פאר'מאכט זיינען וועגן,
גליקלעך צו ליבן נאר שיידן געווען אונדז באשערט.
אלץ איז פארשוואונדן, געבליבן נאר טרוימען
א בריוו מיט א פארוועלקטע רויז;
ס'ברענען די וואונדן: דו וועסט מער נישט קומען,
מיין הארץ גייט פון בענקשאפט מיר אויס.
ס'וויינט די נאכט מיט בלוטיקע טרערן,
צו מיין פארגאנגנהייט וועגד איך מיין פארוויינטן בליק,
ס'לעשט זיך אויס אין הימל א שטערן —
דאס איז א סימן, אז איך האב פארלוירן מיין גליק.

אלץ האב איך אין לעבן פארלוירן,
איך האב געגלויבט, אז דו וועסט אייביק בלייבן מיר טריי,
טיף אין הארץ דיך וועל איך באדויערן,
ווי אין א חלום מיין זארגלאזע יוגנט פארביי.
ס'וועט מיר די זון מער אין פנים נישט שיינען,
פארפינצטערט פאר מיר בלייבט די וועלט;
איך האב מיין ליבע געשאנקען נאר איינע,
און זי האט מיין וועלט מיר פארשטעלט.
ס'וויינט מיין הארץ מיט בלוטיקע טרערן,
צו מיין פארגאנגנהייט וועגד איך מיין פארוויינטן בליק,
ס'לעשט זיך אויס אין הימל א שטערן —
דאס איז א סימן, אז איך האב פארלוירן מיין גליק.

# דאס אלטע פּאָר

ער: דאס פייער אין דעם אויוועלע
מיט העלע פלאמען צאנקט,
איך זיץ דא ביי מיין ווייבעלע
מיטן אלבאם אין דער האנט.

זי: איך זע דאס בילד פון מיין געבוירן,
אין מיין אלטער היים.
און כ׳דערמאן זיך קינדער־יארן,
ווי א שיינער טרוים.

אוי ווי שנעל עס לויפן יארן
ס׳יאגט די שעה א שעה.
דוכט זיך נעכטן ערשט געבארן —
היינט שוין אלט און גרוי.

ער: איך זע זיך מיט צוויי פיאה׳לעך,
און תפילין אין דער האנט.
ניט ווייט די מומע לאה׳לע,
שטייט אנגעלענט אן וואנט.

זי: און דאס בילד פון התן־כלה
אין דער חופּה־נאכט,
ווי עס שמייכלען צו אונדז אלע —
ס׳איז געווען א פּראכט.

אוי ווי שנעל עס לויפן יארן א. א. וו.

ער: עס בלעטערן זיך בילדערלעך,
ווי יארן, זייער געשווינד.
פון מיינע קינדער׳ס קינדערלעך —
איז אויך שוין דא דאס בילד.

זי: ווי גיך אנטלויפן יארן פרומע,
ווי א קאצן־שפּרונג.

נאר די בילדער אין אלבאמען —
אייביק בלייבן יונג.

אוי ווי שנעל עס לויפן יארן א. א. וו.

מוזיק ע. האקען



# וויג־ליד

שלאָף, מײַן קינד, מײַן טײַערער, מײַן שענסטער,
מאַך די בלויע, קלוגע אײגעלעך צו.
די לבנה שמײכלט דיר אין פענצטער
און דײַן מאַמע זינגט דיר לו - לי - לו.

ס׳מאָלט דער פראָסט אונדז פערדעלעך אויף די שויבן
און דעם דאַך פון שטרוי דער ווינט צעווייעט.
אין דײַן מזל האָף איך און טו גלויבן:
וועסט אים ירצה השם וואַקסן אַ לײַט!

שלאָף, מײַן קינד, מײַן אײנציקער, מײַן ליבער,
לײג די שוואַרצע לאָקן אויף מײַן ברוסט.
דער טאַטע, אײנגעשלאָפן איז אַ מידער,
ווײַל בײַ דער אַרבעט מאַטערט אים דער הוסט.

שאַטנס אויף דער וואַנט פון וויגל שוועבן
און דאָס ליכטל צאַנקט, אַט גייט עס אויס,
מיר וועלן פון דיר נחת נאָך דערלעבן,
ווען מיט גאָט׳ס הילף דו וועסט ווערן גרויס.

שלאָף שוין, שלאָף, אין הונגער טו פאַרגעסן,
מאָרגן כ׳וועל פאַר דיר צום בעקער גיין.
ברענגען וועל איך בײגעלעך צום עסן,
איצט מאַך צו די וויעס בײַ - או - בײַ.

ווי דערלעבט מען פרילינג זאָל שוין קומען
און פאַרשווינדען זאָל דער קאַלטער שניי.
שלאָפן לייגן כ׳וועל דיך צווישן בלומען,
בליען זאָלסטו פונקט אַזוי ווי זיי.

וואלסט באַטש וויסן ווי מיין האַרץ טוט קוועלן,
ווען כ׳דערמאָן זיך אין דעם טאָג אַצינד.
ווען דו וועסט די ערשטע טריטלעך שטעלן,
און כ׳וועל הערן „מ אַ מ אַ" פון מיין קינד.

איי - לו - לו - לו, וויין ניט טייער יינגל,
ס׳לויפט די צייט און יאָרן לויפן גיך.
פאַרקויפן וועט די מאַמע ס׳לעצטע רינגל
פאַר דיר, צו גיין אין חדר, קויפן שיך.

פונעם וויגן בין איך שוין פאַרמאַטערט,
דו ביסט קליין און קאָנסט דאָס ניט פאַרשטיין.
אויב חלילה, וואַכט איצט אויף דיין טאַטע,
וועט ער דיך מקבל פנים זיין.

דער קאַיאָר אין דרויסן שטייט אין פלאַמען,
און דעם דאַך פאַרלאָזן האָט דער ווינט.
ווייסט אַ מאַן וואָס ליידן טוט אַ מאַמע,
ווען זי וויגט אַ גאַנצע נאַכט דאָס קינד?

# און איך זאל ניט זיין אין דער מיט

מיך אינטערעסירט ניט בכלל פאליטיק,
איך באציה זיך צו דעם מיט אפאטיע,
מיר געפעלט ניט דער פאלשער גערמאנישער בליק,
די דייטשע פסאודא „דעמאקראטיע".

מיר געפעלט ניט די שטעלונג פון יעדע פארטיי —
מען קאן דאס צוויייזייטיק אויסטייטשן;
מיך עקלט פון בלאף און פלאקאטן־געשריי:
„העלפט אונדז! — די ארעמע דייטשן".

איך קוק רעאליסטיש און זע די טענדענץ,
און ווייס וואס דאס אלץ קאן באדייטן;
זיי ווילן פון „יעיא" א גרויסע פרעקווענץ,
און ווארפן א בליק אויף צוויי זייטן.

אט זיי זיינען פאקטיש פון שלום דער קלין,
דייטשלאנד! סימבאל פון מלחמות.
זיי הענגען אין מיטן, אזוי ווי א שפין—
מערדער פון מיליאנען נשמות.

נאך פרידן זיי שטרעקן אויס הילפסלאז איין האנט,
און אין דער צווייטער — זיי האלטן א מעסער.
זיי ווילן רעגירן אין דעם „קיינעמס לאנד"
שנאפן די לופט ווי ס'איז בעסער.

גיב זיי דעם רור, דעם פאטענציאל,
אינדוסטריע פון שטאל און פון אייזן,

ווילן זיך סאציאליזירן, — אבער נאציאנאל,
„פּילייכט“ קומט נאך אויס וואס צו ווייזן.

היינט טוען זיי נעבעך, וואס אן אנדערער הייסט,
פּאַרטיפּט אין א יונקערישן טרויב;
און איבעראל שוועבט נאך פון „פּירער“ דער גייסט,
און דער דראנג נאך „לעבנס־ראום“.

מיך אינטערעסירט ניט קיין פּאליטיק,
איך ראט נאר די מאכטן צום גוטן,
אויב יעקעס ווילן קריג, זאל זיין קריג —
נאר איך זאל ניט זיין אין דער מיטן!

# ער און איך

ער, דער באזיגטער, „צעבאמבטער" אויף פיצלעך,
לעבט אין וווילטאג און אין זארגן,
און איך דער „זיגער" אין געגדזשענע פיסלעך,
לעב אן א זיכערן מארגן.

ער האט א ווילע מיט שיינע מאקאטן,
און חוזקט פון אלע „נאציאנען",
און איך לעב אין לאגער, פארצוימט אונטער דראטן,
און שפייז זיך מיט „איירא־ראציאנען".

היינט, גאלאנטש און גרין — גיסן ביטערע טרערן,
זיי שרייען: „ער מוז עקזיסטירן"!
און מיך, לא עלינו, וויל קיינער ניט הערן,
צום סוף גייט מען מיך „ליקווידירן".

ער האט פארניכטעט, בארויבט און געשענדעט,
מיליאנען צום פייער געטריבן,
ביי אים האט זיך גארניט די לאגע געענדערט,
און איך בין ביים זעלבן פארבליבן.

זיי מאכן געשעפטן אויף שווארץ פאר מיליאנען,
פארשווינדלען, פארדרייען אליאנטן,
און איך דארף אויף פוטער פארקויפן די „באנען",
און דאס הייסט ביי זיי „ספעקוליאנטן".

געזאגט האט אין לאגער א יידל א קלוגער,
נאר כ׳בעט אייך, איר זאלט ניט צעפלוישן:
אז איידער צו זיין א פאפירענער „זיגער",
איז בעסער מיט זיי זיך צו טוישן.

# אזוי רעדט טאג־טעגלעך דער ספּיקער

מיר שרייען: „מיר ווילן מער פּוטער און ברויט,
פאַרגרעסערט די ראַציע פון צוקער;
מיר האָבן קיין עסן — מיר שטאַרבן פון נויט“ —
אזוי רעדט טאג־טעגלעך דער ספּיקער.

„מיר זיינען די שאָף, וואָס געפירט האָט דער וואָלף,
אויף בלוטיקע וועגן, ס'איז מעגלעך,
נאָר וואָס איז דען שולדיק דאָס „אָרעמע“ פאָלק“? —
אזוי רעדט דער ספּיקער טאג־טעגלעך.

„היינט ווילן מיר בויען די דעמאָקראַטיע,
געגנוג אונדז דערמאָנט פון קאַצעטן.
מיר קעמפן צו שטאַרקן די עקאָנאָמיע,
טאָ העלפט אונדז מיט „קאַרע“־פּאַקעטן.

„מיר האָבן די נאַצים „ענטנאַציפיצירט“,
פאַר אויסלאַנד איז דאָס דאָך דער עיקר,
דאָס לידל: „מיר הונגערן — סינכראָניזירט“,
אזוי רעדט טאג־טעגלעך דער ספּיקער.

„מיר האָבן געשאַפן קולטור און פּראָגרעס,
מיט מענדעלסאָן, געטהע און היינע,
און היינט איז ביי אונדז דער פּראָצעס, נאָר די פּרעס,
איז שיקט אונדז קיין דייטשלאַנד מער שוויינען.

„די ברוינע, אַט זיי האָבן מענטשן געברענט,
באַרויבט גאַנץ אייראָפּע געפערלעך.
נאָר מיר האָבן ריינע געוויסנס און הענט“ —
אזוי רעדט דער ספּיקער טאג־טעגלעך...

„מיר זיינען קרבנות, אומשולדיק פארפירט,
ס'איז וויכטיק, איר דארפט ניט פארגעסן,
היינט זיינען מיר פריי! דעמאקראטיזירט,
שיקט עסן נאך דייטשלאנד, מער עסן.

„מיר קאנען זיין בלוי און מיר קאנען זיין רויט,
א שפיל איז ביי אונדז די פארטייען,
איר דארפט אונדז נאר געבן מער פעט און מער ברויט" —
טאג־טעגלעך דער ספיקער טוט שרייען.

„מיר ליבן „נאציאנען" זייער העפלעך געטריי,
מיט יודען וואָס וואַר, דאס איז שאָדע.
היינט אונדזערע פרויען פון מיטלייד צו זיי,
קושן זיי — פאר שאקאלאדע!

„ס'איז ארעם דער פויער, פארלאזט איז דאס פעלד,
די ווירטשאפט פון באמבעס צעשפליטערט,
איז שיקט אונדז פאקעטן! איז העלפט אונדז מיט געלט" —
אזוי בלאפט טאג־טעגלעך דער ספיקער! —

# אינהאלט

## I.



## II.

# .III